# דער פאַלשער גט

## אַ מערקווירדיגע וואונדערליכע מעשה

וואס האט געטראפען אין די צייטען פון מהר״ל מפראג.

פאַרשריבען לזכרון פון

יהושע הלוי מזח.



ווילנא, תרע״ג
בדפוס ראזענקראנץ ושריפטזעטצער.

---

**ФАЛЬШИВЫЙ РАЗВОДЪ.**

**Разсказъ О. Мейзаха.**

ВИЛЬНА.
Т-во тип. и книгоиздательства А. Г. Розенкранца и М. Шрифтзетцера,
Лидскій пер. домъ № 7.
1913



# א.

ר' אברהם בן אברהם אַבראַמאָוויץ איז געווען אַגעבאָרענער מחמדנער, אַז זײַן מוטער האט איהם געטראָגען איז זײַן פֿאָטער גע־שטאָרבען, און אַז ער איז געבאָרען געוואָרען איז זײַן מוטער גע־שטאָרבען, ער איז געבליבען אַיתום, זײַנע עלטערין האבען איהם קײַן ירושה נאָכגעלאָזען, קײַן באַרעס געלד, קײַנע הײַזער, מיט אײ־ווארט זיי זײַנען געווען זעהער אָרעם, ווי לאַנג זײַן פֿאָטער האט גע־לעבט איז ער געווען אַשווייצאַר אין אַאידישע סינאַגאָגע, ער פֿון דער נאַטור האט ליב געהאט אלע מענשין בכלל און אידין בפרט, ווײַל ער האט געלעבט פֿון זיי, די גבאים זײַנען געווען פֿון איהם העכסט צופֿרידין, ער פֿלעגט ערפֿילען זײַן פֿפֿליכט על צד היותר טוב, ווען אײנער האט געוואָלט אַרײַנגעהן אין סינאַגאָגע ניט מיט דעם אידישין קאָסטיום, האט ער ניט אַרײַנגעלאָזען.

אַמאָל איז געקומען אַמחמדנער צו געהען צו דער סינאַגאָגע, ער האט געוואָלט אַרײַנגעהען אינעווייניג זעהען די צערעמאָניע, האט איהם דער שווייצאַר ניט ערלויבט, זיי האבען אָנגעפֿאַנגען זיך צאַנקען, די מחלוקה איז געוואָרען זעהער שטארק.

— פֿאר וואס ערלויבסטו מיר ניט אַרײַנצוגעהן אין סינאַ־גאָגע — האט דער מחמדנער גאַסט געפֿרעגט — דאַכט זיך אין אַזאַ הייליגע הויז דאַרף יעדער קענען אַרײַנגעהען.

— די גבאים פֿון סינאַגאָגע ווילין ניט אַז פֿרעמדע זאָלען אַהין קומען — האט דער שווייצאַר געענטפֿערט -- ווײַל עס האט געטראָפֿען אַז פֿרעמדע האָבען גיזלאַכט פֿון אידישען גאָטעס דינסט.

— ניט דאס מוז זײַן די אורזאַכע — האט דער מחמדנער גע־זאָגט — איך ווייס גאָר אַנאַנדער אורזאַכע. און איך גלויב אַז צוליב

די

די אורזאַכע ווילען זיי קיינע פֿרעמדע אַריינלאָזען, און אויב מיין אורזאַכע איז אמת, האָבען די גבאים גאַנץ רעכט פֿאַר וואס זיי ער־לויבען קיין פֿרעמדען אַריינצוקומען, די אורזאַכע איז גאַנץ איינפאַך: זיי טהיילען פאָרציעס מהמדנישעס בלוט די מתפללים.

אָנשטאָט אַענטפֿער האט איהם דער שווייצאַר מכבד געווען מיט אַוואַרעמען פּאַטש.

דער מהמדנער האט איהם אַריינגעשטאָכען אַדאָלך אין ברוסט און האט געזאָגט: כן יאבדו כל אויביך מחמד! אַללאַה!

דער שווייצאַר איז געפֿאַלען טויט אויף אַנאָרט, און דער מחמדנער איז אַנטלאָפֿען געוואָרען.

---

# ב.

אז אברהם איז געבאָרען געוואָרען האט אַגבאי פֿון דער סינאַגאָגע רחמנות געהאַט איבער דעם קליינינקין אונשולדיגען יתום ער האט איהם צוגענומען צו זיך אַקוראַד ווי ער וואָלט געווען זיינער אַנ'אייגען קינד, געדונגען פֿאַר איהם אַנ'אַם, ערצויגען איהם ביז פֿינף יאָהר, איהם אוועקגעגעבען אין אַ חדר צום בעסטען מלמד לערנען תורה און חכמה.

ביי יענעם מלמד האבען געלערענט נאָך גבירישע תלמידים, זיי האבען מיט דעם יתום ניט געשטימט, זיי פֿלעגין איהם טהון להכעים.

דער יתום איז געווען קליגער פֿאַר אלע זיינע חברים, ער פֿלעגט אַלע מאָהל זיין פֿון די שומעים חרפתם ואינם משיבים, ער האט פֿיינד געהאַט מחלוקת, אלע מאָל האט ער פֿאַרשוויגין און גע־לאָזט זיינע אַריבער געהען, פֿיל מאָל האט ער זיך ניט געמאַכט הע־רענדיג ווי זיי פֿלעגען זידלען איהם און פֿלוכען און דאס פֿלעגט

כמעט

כמעט טרעפֿען עטליכע מאָל אַטאָג, ער איז שוין אזוי געוואָהנט גע-וואָרען מיט זייערע להכעיס'ן אז כמעט ער האט זיך ווענִיג, און אפשר גאָר ניט בעקימערט.

פֿיל יאָהרען זיינען אוועקגעגאנגען, דער יתום איז געוואָרען צוועלף יאָהר אַלט, עס וועט ניט לאנג דויערין וועט ער ווערען דרייצעהן יאהר ד. ה. זעלבסטשטענדיג.

דער גבאי זיין ערציהער האט זיך קיין עצה ניט געקאָנט גע-פֿינען ווי אזוי איהם צו זאגען אז קירצליך וועט ער מוזען ליידען פֿון די היילִיגע אפּעראציע, דאס איז מל זיין זיך צו דרייצעהן יאהר ווי דער דין איז ביי די טערקען, איהם איז שלעכט געווען צו בערויבען ביי דעם יתום זיין גליק וואס ער האט זיך גערעכענט אלס אייגענער קינד פֿון דעם גבאי און זיין פֿרוי — אלס סוטער.

---

## ג.

אמאָל איז דער יתום געקומען פֿון חדר זעהר אומעטיק, טרויעריג און פֿארוויינט.

— וואס איז דיר מיין ליב קינד? — האט דער גבאי גע-פֿרעגט — ווארום בינסט דו היינטע אזוי שטארק טרויעריג? —

— אין חדר האבען מיר די חברים זעהר שטארק געשימפּפֿט, האט דער יתום געענטפֿערט — זיי האבען מיך שטארק באליידיגט, זיי האבען געזאגט אז איך בין גאר קיין איד ניט, מיין פֿאטער איז געווען אמחמדנער, אשווייצאר און סינאגאָגע.

-- באָבוניו — האב איך געזאגט איך האב דיר שוין פֿריהר געוואלט פֿרעגין ווי קומט אגעבארענער מחמדנער צו זיין אשווייצאר אין אאידישע שוהל? ווענִיג אידין זיינען פֿאראן וואס זוכין שטעלעס זיי ווילען פֿארדינען ברויט פֿאר ווייב און קינדער, מיט די גראָבסטע פֿרייד

פריִיִד וואָלטען זיי אָנגעהמען אזא שטעלע, ווארום נעהמט דער גבאי פון שול אנגעבארענעם מהמדנער און ניט בעסער אאידען ?

— וועגען דעם איז פאראן פיל צו רייִדען — האט די באבע געענטפערט — דיין פראגע וואלט געווען ריכטיג ווען דאס וואלט געווען אאידישע שוהל, אבער לייִדער הייִסט דאס גאר סינאגאָגע, און סינאגאָגע איז ניט שוהל, אט איך געדיינק דאס ארב'ל פון אקלייִן שטאדט איז דעם ערשטען מאל געקומען אין דער גרויסער שטאדט .B איז ער פריטאג צו נאכט געגאנגען זעהען די סינאגאָגע, ער איז געקומען ביי דער טיהר פון סינאגאגע און האט געזעהען דעם שווייצאר וואס שטעהט ביי דער טיהר און לאזט איהם ניט געהען וויטער אינעווייניג, ווייל ער האט געטראגען אויף זיך אלטמאדישע קלייִדער ווי א רב אין א אידישע קלייִן שטאָדטיל.

— ווארום — האט דער רב געפרעגט — לאזט איהר מיר ניט אריין אין סינאגאגע ? איך בין דאך א איד און וויל דאוונען בצבור.

— אויב איהר ווילט דאוונען — האט דער שווייצאר געענטפערט — איז ניט דאָ דער אָרט, אויף דאוונען זיינען פאראן גענוג שוהלען אנדערע . . .

פון דעם פאקט — האט די באָבע געזאָגט — קאָן יעדער פארשטייִן אז דעם שווייצאר האבען די גבאים אוועקגעשטעלט ביי דער טיהר פון סינאגאָגע ניט פון גאָטעס וועגען . . ; נור פון אנדערע טעמים. למשל : עס קוסט אמאָל אגובערנאטאָר אין סינאגאָגע זאָל ער זעהען ווי אידין זיינען אסימילירט, דעם ערשטין פון סינאגאָגע טרעפט ער אמחמדנער, אויך איז ידוע פון פיל פערשידענע פאקטין אז דאס וואס אמחמדנער האט בכח צו טהון קאָן דאס אאיד ניט טהון . . ;

— אָבער זאָגט מיר באָבוניו — האב איך געפרעגט — פאר וואס זעהען מיר דאס ניט ביי קיין אומה ולשון דאס וואס מיר זעהען ביי אונזערע אידין, קאָן דען זיין אזא פאל אז ביי אקירך זאָל מען

שטעלען

שטעלין אאידישין שוויצאר, איך זאג קירך און באמת איז דאך דאס ביי אלע נאציאנען, און ניט גראדע אאידין, אפילו ניט אאידין איז אויך די זעלבינע, דהיינו ביי אקאטוילישע קאסטיאל זאל מען שטעלען אפראוואסלאוונעם שוויצאר, אדער ביי אדייטשע קירך זאל מען שטעלען אשוויצאר פון אנאנדער גלויבען, און דאס זעהען מיר אין אאידישע סינאגאגע, איז די פראגע ווען אידין ווילען יא זיך אסימילירען פאר וואס זאלען זיי אנדערש טהון פאר די פאלקער וואס זיי (די אידין) ווילען זיך מיט זיי אסימילירען? דארף דען דער קארדינאל זיין פרימער ווי דער פאפסט?

— אך מיין קינד — האט די באבע נעזאגט — אויף אידישע סי־נאגאגען זיינען פאראן נאך פיל פראגען, נור ווער וויל זיך צעפען מיט זיי? קיינעם ליגט דאס ניט אין קאפ, יעדער איד האט זיינע דאגות...

— עס זיינען דאך אבער געווען און עס זיינען דאך נאך היינט אויך דא אזעלכע אידישע רעדאקטארין וואס האבען קיין מורא ניט פאר קיינעם ארויסצוזאגען דעם רייגעם אמת עפינטליך פאר וואס גראדע ביי אזא זאך שווייגען זיי?

— פארשטייסט דו — האט די באבע געענטפערט — די אידין וואס האבען בכח צו שרייען זיינען איינשטימיג מיט די נבאים פון סינאגאגע... נור לאמיר דאס לאזען אויף אנאנדערש מאל, יעצט זאג מיר מיין ליב קינד וואו האלט איך?

— דו האלסט — האב איך געענטפערט — ביי דעם יתום'ס מילה וואס מען דארף איהם מל זיין.

— לאז זיך מיך אביסעלע אפרוהען — האט די באבע גע־זאגט — וועל איך האבען כח ווייטער צו ערציילען.

---

# ד.

— דעם נײַעס—האט די באָבע װײַטער ערצײלט - װאס דער יתום האט זיך דערװאוסט אין חדר פון זײַנע חברים, האט געמאכט אויף איהם אגרויסען אײַנדרוק, דאס הויפט אז ער האט דעם נײַעס ערצײלט דעם גבאי װעלכען ער האט געהאלטען פאר זײַן אמת'ן פאָטער און יענער האט געשװיגען, האט ער דערפון פארשטאנען אז זײַנע חברים זאגין אמת, אריכטיגען בעװײַז האט ער געהאט װאס ביז יעצט האט ער דאס ניט באמערקט, נאָמליך: ער איז ניט געמל'ת װי דער דין איז בײַ אידין צו אכט טאָג מוז דאס נײַע געבאָרענער קינד געמל'ת װערען, דערפון האט ער פערשטאנען אז ער איז אגע-בארענער מחמדנער װאס זײַ זײַנען מל זײַערע קינדער צו 13 יאהר.

— פאָטער! — האט דער יתום געזאגט — פאטער! דו שװײַגסט? דו ענטפערסט מיר ניט? איך פראג דיר נאך אמאל װאס בין איך אאיד אדער אמחמדנער?

— לויט געבורט בינסט דו אמחמדנער — האט דער גבאי געענטפערט — נור לויט ערציהונג — אאיד.

— פאר װאס האסט דו מיר ניט מל געװען װי דער אידישער דין זאגט? — האט דער יתום געפרעגט.

— װײַל דו בינסט אנעבארענער מחמדנער—האט דער גבאי געענטפערט—האב איך ניט געװאלט טהון געגען די לאנדסגעזעצע װאס באפעלט מל זײַן צו 13 יאהר, נור דו אלײַן מיט דײַן גוטען װילין קאנסט דו בלײַבען אמחמדנער װי דײַנע עלטערן זײַנען געװען, אדער איבערגעהען צו יודענטהום, מיר בלײַבט דאס גאנץ גלײַך. —

— נײַן ליבער פאטער — האט דער יתום געענטפערט — אַט אזוי װי איך בין ערצױגען געװארען אזוי מוז איך בלײַבען.

— װי דיר איז ליבער און בעסער אזוי טהו — האט דער גבאי געענטפערט — אין רעליגיאָן זאכען זאג איך קײַן דעה ניט, יעדער מענש טהוט װי ער פארשטײט.

## ה.

פֿון גרויס פֿארדרוס און שטארקע קלעמענעס איז דער יתום קראנק געווארען, אבער גאנץ שטארק קראנק, ער האט בעקומען אגרויסען היץ, דער גבאי האט אויסגעגעבען פֿאר איהם פֿיל געלד, געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, זיי האבען פֿאר איהם קיין מיטל געפֿונען.

אַלאַנגע צייט האט זיין קרייַנק געדויערט, די גאנצע צייט פֿון זיין קראַנקהייט האט איהם בעהאַנדעלט דעם גבאי'ס טאָכטער, אשאָן מיידעל אין זיינע יאָהרען.

די גאַנצע צייט האבען די קינדער געלעבט זעהער פֿריינדליך, זי האט געמיינט אז ער איז אמת'ר ברודער און ער האט געמיינט אז זי איז זיין אמת'ע שוועסטער.

אז דער יתום האט זיך דערוואוסט דאס זי איז מעהר ניט זיין שוועסטער איז איהם געקומען אויף זיינע געדאַנקען אויב אזוי מוז זי צו איהם ווערען נעהנטער ווי אשוועסטער . . .

אָט די געדאַנקען האבען איהם ניט פֿאַרלאָזען אפילו איין מינוט, ער איז געוואָרען צו איהר פֿיל נעהנטער און פֿריינדליכער ער האט איהר שטענדיג געקושט און געהאַלטען ביי זיך אַרומגע-נומען, גלויבענדיג אז זי ווייס נאָך ניט דעם סוד וואס דער גבאי האט איהם ניט לאַנג ענדעקט.

רחל'ע — אזוי איז געווען דער נאָמען פֿון גבאי'ס טאָכטער — האט פֿון דעם סוד יאָ געוואוסט, און זי האט געגלויבט אז ער — דער יתום ווייס נאָך ניט, דארום האט זי זיך ערלויבט לאָזען קושען זיך פֿון איהם אַלס ברודער און שוועסטער, און זי האט ניט געוואָלט איהם ערציילען דעם שרעקליכען טרויעריגען סוד וואס זי ווייס.

אזוי איז פֿערלאָפֿען עטלעכע מאָנאַט ביז ער איז שטאַרק קראַנק געוואָרען.

די גאַנצע צײַט וואס דער יתום איז געלעגען צו בעט, איז רהל'ע געזעסען בײַ איהם, זי האט איהם בעדינט ווי די געטרײַסטע און געליבסטע שוועסטער אָדער פרוי.

---

## ו.

אין טירקײַ איז אַן אַלטער מנהג ווען דעם סולטאַן'ס זאָהן ווערט דרײַצעהן יאָהר אַלט, הופּט די רעגירונג צוזאַמען אלע דרײַצעניאָהריגע בחורים פון גאַנץ טירקײַ, זיי מוזען אלע קומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און דער סולטאַן לאָזט זיי אַלעמען מל זײַן אויף זײַנע הוצאות, נאָכדעם אז זיי ווערען געזונד אין גאנצען, נעהמט זיי דער נײַער יונגער סולטאַן צו זיך פאר זײַנע לײַבגוואַרדיע אויף איִמער.

אין דעם זעלבינגען יאָהר, הודש, און טאָג וואס דער טראָנפאָלגער איז געבאָרען געוואָרען בײַ דעם סולטאַן, איז דער יתום אויך געבאָרען געוואָרען, ער האט גאנץ גוט געוואוסט אז ער איז פאראן אויף דעם צעטיל פארשריבין צו קומען אין קאָנסטאנטינאָפּאָל צו דער היילינער אפּעראַציאָן . . .

— האָר מײַנע טהײַערע שוועסטער — האט דער יתום געזאָגט — בײַ מיר איז אגרויסער פּלאַן אז איך זאל אוועקפאָהרען אין אנאנדער לאַנד וואו עס איז פאראן אגרויסע ישיבה, דאָרטען וועל איך אזוי לאַנג לערנען ביז איך וועל בעקומען סמיכות אויף רבנות.

— מיר געפעלט זעהער גוט דײַן פּלאַן — האט רהל'ע געענטפערט — נור דערצו דאַרפסט דו דאך האבען די הסכמה פון אונזער עלטערן, דו וועסט דאך ברויכען נעהמען בײַ זיי הוצאות אַהין און צוריק.

— געוועהנליך וועל איך אָהן זייער ערלויבנים ניט פאָהרען — האט דער יתום געענטפערט — נור בײַ מיר איז קײַן צווייפעל ניט אז זיי וועלען מיר געווים ערלויבען צו פאָהרען אין אישיבה לערנען.

— די ישיבה איז ווײַט פון אונז ? — האט רחל נעפרענט— זען וועלען מיר אונז קאָנען זעהען ?

— אָ ! — האט דער יתום געזאגט — די ישיבה איז זעהער ווײַט, נור אונזערע הערצער וועט זײַן פערקניפּט מיט גרויסע פרײַנד־שאַפט נאָך מעהר ווי ביז יעצט . . .

— איך מוז דיר זאגען דעם אמת – האט רחל געזאגט — אז ביי מיר קאָן אונזערע פרײַנדשאַפט ניט ווערען גרעסער, ווײַל זי איז גענוג גרויס נאך גרעסער ווי ברודער און שוועסטער קאָנען זיך פאָרשטעלען, איך ליב דיך בעסער ווי אַנ'אייגען ברודער, איך וועל אהן דיר ניט קאָנען געניסען קיינע גוטעס, דו האסט בערויבט מײַן הארץ מײַנע געפיהלען, מײַן גוף און מײַן נשמה איז פאר דיר . . .

— א ! — האט דער יתום ביי זיך געטראכט — זי רעדט עפעס אזוי ווי זי וואלט וויסען מײַן סוד

---

# ז.

— זאג מיר מײַנע טהײַערע ליבע שוועסטער האט דער יתום געזאגט—ווען עס וואלט געווען אַפּאַל אז מיר זאלען ניט זײַן ברודער און שוועסטער נור פרעמדע, אבער גאנץ פרעמדע, וואלסט דו גע־וואלט מיט מיר חתונה האבען ?

— אַך ! — האט רחל געענטפערט—איך וואלט מיך געשעצט גליקליך צו האבען אמאן ווי דו מיט דײַן גוטען האראקטער מיט דײַנע תורה און חכמה.

— באבונ׳יו ! — האב איך געפרעגט — ווי קומען צוועלף יאָהריגע קינדער צו ריידען אזעלכע רייד פון ליבע, פרײַנדשאַפט, הייראטהען ? דאס פאסט עפעס פאר גרויסע ערוואכסענע מענשען.

— מיר ריידען פון טירקישע קינדער — האט די באבע גע־ענטפערט—אין טערקיי אצעהניאָהריגע מאָדכען ווערט שוין גערופען אלטע

אלטע מויד, דארום איז קיין וואונדער צו הערען פון אזעלכע קינדער „ליבע" רעדעס, אלזא האר ווייטער דעם ספור.

דער יתום איז שטארק נתפעל געווארען פון איהרע רייד, זיינע יונגע ווארעמע בלוט איז נאך ווארעמער געווארען.

— האר אוים מיינע טהייערע ליבע גוטע געטריייע – האט דער יתום געזאגט—איך דאנק דיר פאר דיינע פריינדליכע ווערטער, מיין הארץ זאגט מיר אז דו רעדסט פון טיפען הארצין מיט אגרויסין פיינעם געפיהל, דו פארדינסט דערפאר איך זאל דיר פיל גוטעס טהון, נור פארלויפיג קאן איך לײדער גאר נישט טהון, איך קאן דיר נור אפריינדליכען הייסען קוש געבען.

— אויב דער קוש איז נור אלס ברודער — האט רחל געזאגט שעמהאפט – נעהם איך איהם אן זעהער גערנע מיט גרויס פערגניגין נור אויב דער קוש שטאמט פון אנדערע געגענשטענדע, ביטע איך דיר דו זאלסט זיין אקורצע צייט געדולדיג, אמענש מוז איינהאלטען זיינע אינערליכע געפיהלען, יעדער זאך מוז געטהון ווערען מיט גרוים ישוב הדעת נים איבעראיילט.

— ווי איך פארשטיי—האט דער יתום ביי זיך געטראכט, ווייס שוין רחל פון מיין סוד, ווען נים וואלט זי נים רייזען אזעלכע ווערטער — מיט אזא מאן . . .

— גוט, דו האסט רעכט—האט דער יתום געענטפערט – איך וועל ווארטען און האפען דען „האפען איז טהייערער ווי לעבען" אזוי האט געזאגט אמאליגער חכם.

---

## ח.

אין יענעם טאג האט דער נבאי גערעדט מיט זיין פרוי רבקה וועגען די פארטיי חתונה צו מאכען דעם יתום מים רחל'ן, ער האט איהר פארגעשטעלט אז רחל וועט פאר איהם לעבען גליקליך, וויל

ער

ער איז פון נאַטור אגוטער מענש, ער קאָן לערנען און ער איז אַוואַרעמער איד.

— אָבער — האט רבקה געזאָגט — זיין פאָטער... און זיין מוטער... זיי זיינען דאָך געווען אבֿת'ע מחמדנער.

— איז וואָס ? — האט דער גבאי געענטפערט—מיר וויסען אז אברהם אבינו איז געווען תרח'ס אַזאָהן, וואס תרח איז געווען בעוואוסט פאר אַהייד און דאָך האט אברהם אַנערקאָנט דעם איינ־ציגען גאָט, און ער איז דער פאָטער פון כל ישראל, קיין מענש האַלט דאס פאר קיין חסרון ניט: בפרט אזא יתום וואס ער איז ערצויגען געווארען אין אונזער הויז און האט ביז היינט געלערנט פיל תורה, אַקלייניגקייט צו זאָגען ווי זיין מלמד ריהמט איהם, ער זאָגט אַז דער יתום איז אגרויסער „עילוי", און ער וועט אויסוואַכסען אַגאון וואס ער וועט באַשיינען די אידישע וועלט, נו פאר וואס פאסט ער ניט צו זיין אונזער איידעם ?

— האָר מיין מאַן—האט רבקה געענטפערט. איך וויל מיך ניט מישען אין אַזעלכע זאַכען, איך בין דאָך נור אַפרויענצימער, געוויס פאַרשטייסט דו די זאַך בעסער ווי איך, אויף דיינע מבינות קאָן איך מיך פאַרלאָזען, דארום גיב איך דיר איבער אונזער טאָכטער, טהו מיט איהר וואס און ווי דו ווילסט, געוויס וועסט דו ערפילין דיין פאָטער פפליכט, געוויס ווילסט דו ניט ווענינער ווי איך אז אונזער טאָכטער זאל גוט זיין, זי איז דאָך ביי אונז אַבת יחידה, די איינציגע יורש'תע, זי פאַרדינט אַגוטען מאַן וואס זאָל פאַרשטעהן צו שעצען איהרע גרויסע מעלות, אַקלייניגקייט צו זאָגען וואו געפינסט דו אין גאַנץ טירקיי און אויף דער גאנצער וועלט אז דו וועסט „זוכען און זיפען" נאָך אַזאַ מאָדכען ווי זי ? עס איז דאָך צו בעוואונדערן איהר שאָנעם הויכען געוואוכס, איהרע קלוגע שווארצע אויגען, ווי זי רעדט, ווי זי לעזט ביכער, ווי זי שרייבט, ווי זי שפילט און טאַנצט און נאָך פיל מעלות, אַמאַן וועט דאָך פאר איהר לעבען גליקליך.

רבקה

רבקה וואָלט נאָך אַלאַנגע צײַט גערעדט, נור רחל'ע איז אַרײַנגעקומען האט זי איבערגעשלאָגען דעם שמועס...

---

# ט.

— זי איז דאָך שוין מעהר קײַן קלײנן קינד — האט שמואל (דער נאָמען פון גבאי) געזאָגט, מיר וועלען טהון ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תורה „ונשאלה את פיה". מיר וועלען פרעגן איהר מײַנונג וועגען דעם יתום.

שמואל האט זיך אומגעקעהרט צו זײַן טאָכטער מיט דער פראַגע: זאָג מיר דײַן ריכטיגין מײַנונג איבער דעם יתום ווי טראַכסט דו פון איהם, וועט אפרוי לעבען מיט איהם גליקליך? זאָג שעם דיך ניט.

די לעצטע וואָרטער „שעם דיך ניט", האט ניט געהאָלפען, רחל'ע האט פאַרשטעלט מיט איהר האַנד דעם פנים וואס איז רויט געוואָרען פון בלוט ווי אגרויסער פײַער.

— קוק איהר נור אָן — האט שמואל געזאָגט — ווי זי האט זיך פאַרשעמט, דאַכט זיך איך ווײס זיכער אז ניט איין מאָל נור פיל מאָל האָסט דו זיך מיט איהם געקושט און דו בינסט גאָר ניט רויט געוואָרען ווי יעצט.

— פאָטער! — האט רחל'ע געענטפערט — אמת איך האב זיך מיט איהם געקושט אַלס ברודער און שוועסטער, אָבער יעצט איז דאָך גאַנץ אַנדערש...

— איך האב ליב קלאָהרע און דײַטליכע וואָרטער — האט שמואל געזאָגט — דו ליבע רחל'ע בינסט שוין מעהר קײַן קינד, דו האָסט שוין דאס רעכט צו זאָגען דײַן מײַנונג אויף אַחתן: ער געפעלט דיר אָדער ניין. אײן כלל מוז איך דיר זאָגען יעדער מענש האט מעלות מיט חסרונות, נור וואס בײַ אײנעם איז גערעכענט

אלס

אַלס מעלה רעכענט דער צווייטער אַלס חסרון, און וואס ביי איינעם איז דאס אַחסרון איז ביי דעם צווייטען קיין חסרון, אונזער יתום האט פיל מעלות און איין הסרון, אז מיר וועלען אָנעהמען פון דער גוטער זייט איז דאס גאר קיין חסרון ניט, איינע פון אונזערע אמהות רבקה, וועמעס טאָכטער און וועמעס שוועסטער איז זי געוועז ? דערפון זעהען מיר אז אַמענש אַרבייט פיל אין לערנען ווערט ער קלוג, פראַקטיש און זעהער שטאַרק אָבער גאַנץ שטאַרק אָרענטליך, די זעלביגע איז מיט דעם יתום.

---

**ט.**

די גאנצע צייט וואס שמואל האט גערעדט, זיינען זיי, די מוטער מיט די טאָכטער געשטאַנען די קאָפ אַראָפגעלאָזען און האבין זיך גוט איינגעהערט יעדעס וואָרט וואס שמואל האט אזוי ערנסט גערעדט, ער האט זיי ערקלעהרט אז אַבעסערין שדוך גיבט ניט פאר זיין טאָכטער, ער האָפט אז זי וועט לעבען פאר איהם גליקליך. אַי וואס זיין טאַטע . . . נו איז וואס ? . . . די טהייערסטע דימאַנטין בריליאַנטין, גאָלד און זילבער נעהמט מען פון דער ערד . . . די ערד איז שווארץ, און וואס שווארצער איז בעסער, און ארויסגעבען גיבט זי ארויס די בעסטע שפייזען און די ריכענדסטע בלומען, דער מענש איז אויך אַזוי . . .

— ליבע און טהייערע עלטערן — האט רחל'ע געענטפערט — איך וועל צופרידין זיין אָט ווי איהר וועט זיך בעשליסען, איך וויים גאַנץ גוט אז איהר זענט קליגער און פראַקטישער ווי איך, דערצו האט איהר מיך ליב, ניט וועניגער ווי איך האב אייך ליב, דאַרום קאָן איך מיר אויף אייך פאַרלאָזען אז איהר וועט טהון פאר מיר ווי געטרייע עלטערן דאַרפין טהון, יעצט מוז איך אַוועקגעהען צו מיינע אַחברתה, זי וואַרט אויף מיר, זי וויל אז מיר זאָלען געהען זעהען

די

די נײַע פּאַרטיע יונגע מענשען וואס קומען אַהער און זײַ פֿאָהרען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

ביי די ווערטער האט זי פֿערלאָזען די עלטערען און איז אַוועקגעגאַנגען.

— וואס וועט זײַן מיט די היילינע אָפּעראַציע — האט רבקה געפֿרעגט—פֿיל יונגע לײַט פֿאָהרען דאָ שוין אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און נעווים וועט מען דעם יתום אויך צונעהמען ווײַל ער איז פֿאַר־שריבען אַלם מחמדנער.

— מיר וועלען מאָרגען אַלע אַוועקפֿאָהרען אין פּראַגע — האט שמואל געזאָגט — דאָרטען זיצט אַקלוגער און אגרויסער רב דער מהר"ל, געווים וועט ער מאַכען אַלם אין בעסטען אָרדנונג, איך בין זיכער אז די קינדער וועלען מיט אונז פֿאָהרען און נאָך דער היילינער אָפּעראַציע וועלען מיר זײַ חתונה מאַכען.

---

## יא.

עס האט ניט לאַנג געדויערט — האט די באָבע ערצעהלט — איז אין פּראָג געפֿײַערט געוואָרען אַגרויסאַרטיגער ברית, דעם קינד האט מען אַנאָמען געגעבען „אברהם בן אברהם אַבראַמאָוויץ", דער מהר"ל פֿון פּראָג האט גענומען סנדק, שמואל—כסא אליהו, צוויי דינים האבען גענומען „קוואַטער" זײַ האבען דעם בעל ברית צו־געפֿיהרט צום אָרט וואו ער דאַרף ליגען, אברהם איז געגאַנגען מיט גרוים שמחה, אויף זײַן פּנים איז געווען צו ערקאָנען זײַן אונגע־היײַערן שטאַרקען צופֿרידענהײַט, ווי ווײַט ער שעצט זיך גליקליך צו ווערען אַנ'אמת'ר איד.

נאָך די היילינע אָפּעראַציע אז אברהם איז גאָנצליך געזונד געוואָרען, האט ער חתונה געהאט מיט רחל'ען, זײַ האבען זיך בײדע ליב געהאט און געלעבט רוהיג.

שמואל

שמואל האט פֿארשפראָכען זײַן אײדעם צו געבען קעסט ווי לאנג עס וועט נור מעגליך זײַן, בזה האופן אז ער אברהם, זאָל זיצין און לערנען תורה.

אברהם האט געהאט אטהײַערע קאָפּ, אַשכל הישר, דערצו איז ער געווען אנרויסער מתמיד אין לערנען, ער האט מקיים געווען והגית יומם ולילה.

דער מהר"ל האט נעזעהען ווי דער יונגער מאַן זיצט און לערנט בהתמדה, האט ער איהם פֿאַרהערט, דער מהר"ל איז שטארק נתפעל געווארען צו זעהען אַיונגער מאַן וואס איז קלאָהר עטלעכע מסכתות כמעט בעל פה, דערצו נאך אנדערע הייליגע ספרים, ער האט איהם זעהער שטארק געשעצט און ער, דער מהר"ל האט איהם געגעבען גוטע האָפֿנוננען אז מיט דער צײַט וועט ער ווערען אַ רב אין אנרויסע שטאָדט.

דער מהר"ל האט איהם צוגענומען פֿאר אַתלמיד מובהק, ער האט מיט איהם געלערענט און האט איהם מוסר געווען (איבער־געגעבען) אַלץ וואס ער האט געוואוסט.

שמואל מיט זײַן פֿרוי האבין זיך געשעצט פֿאר די גליקליכסטע מענשען צו זעהען ווי זייער בת יחידה איז גליקליך צו האבען אַזאַ מאַן וואס מיט דער צײַט וועט ער ווערען אַצווייטער מהר"ל, — נור איין זאַך האבען זיי זיך בעאונרוהיגט וואס רחל'ע האט קײַן קינד.. אַזוי איז פֿערלאָפֿען פֿיל יאָהרען.

---

## יב.

רחל'ע האט געהאט אַ בעקאַנטע יונגע פֿרוי וואס זי האט התונה געהאט אין דעם זעלבינען טאָג מיט איהר צוגלייך, זי האט גענומען אַמאַן אַקוויפֿמאַנס אַזאהן, וואס ער האט אויך געמאַכט גע־

שעפֿטען

שעפּטען ווי דער פּאטער, און דער יונגער מאַן האט פּאַרדינט שײנע עטלעכע טויזענד רובל פון אַנעשעפּט.

רחל'ע איז אמאל געזעסען מיט איהר חברתה, זיי האבען גע־רעדט פון זייערע מאַננער, זי האט ערצעהלט די חברתה די גרויס־קייט פון איהר מאן און האט געמיינט אז די חברתה וועט איהר מקנא זיין, אבער זי האט געהאט א טעות, די חברתה האט איהר אויסגעלאכט און האט געזאגט: היינטיגע צייטען דארף יעדער מענש שטרעבען צו פּארדינען געלד, תורה איז שאָן, און געלד איז גוט, מיט געלד קאָן מען שטיצען די „לערנער" האט מען האַלב שכר פון זייער לערנען, אָבער מיט תורה אָהן געלד איז גאר קיין וועלט, דאַרום דוכט מיר אז מיין מאַן טהוט בעסער ווי דיין מאַן, ער פּאַרדינט געלד.

די חברתה'ס רייד איז רחל'ען אַריין טיף אין האַרצען, ביי איהר איז געבליבען אפלאַן זי זאָל בעטען דעם פּאָטער, וואס אין איהם וועגדט זיך די זאַכע, דאס ער זאָל איהר מאַן צונעהמען צו זיינע גרויסע געשעפּטען, עס וועט זיין געגוג לערנען, ער איז שוין אַגרויסער למדן, ער מעג שוין זיין אַ רב אין די גרעסטע שטאָדט, איז די ערשטע פּראַגע: וואו נעהמט מען אַזוי גיך אַ שטאָדט? געוועהנליך האט יעדער שטאָדט איהר רב, בעדאַרף מען וואַרטין אז יענער רב זאָל שטאַרבען, אָדער אַנטלויפען. און צווייטענס: ווען אַ רב בעקומט שוין אַשטאָדט, ווער ווייס אויב ער וועט דאָרטין נושא חן זיין, אויב די שטאָרטלייט וועלען איהם געבען כבוד און זיינע אַלע הצטרכות, בפרט אַיונגער מאַן וואס ווערט אַ רב, ער ווערט אלע יאָהר אַגראָסערער בעל הוצאה, זיין פּאַמיליע פּארגרע־סערט זיך, — אַזוי האט רח'לע געטראַכט ביי זיך, ענדליך האט זי געזאָגט צו איהר הברת'ה: מיר דוכט זיך אז דו האָסט רעכט, איך וועל רעדען מיט מיין פּאָטער וועגען דעם, איך גלויב דאס מיין פּאָטער וועט דערצו איינשטימען.

זײַן, די חברתה'ס האבען נאָך פֿיל געפלוידערט פֿון פֿערשי־דענע געגענשטענדע, און האבען זיך געזעגענט.

---

## יג.

רחל'ע האט מיט איהר פֿאָטער גערעדט װעגען דעם ענין, אין אָנפֿאַנג איז דער פֿאָטער געװען ניט אזוי שטאַרק צופֿרידען אָפּ־צורײַסען דעם אײדעם פֿון לערנען, דאָסהויפּט האט ער מורא גע־האַט טאָמער װעט דער מהר"ל ניט אײַנשטימען דערצו, און פֿאַר דעם מהר"ל האט ער געהאט גרויס דרך ארץ, נור אזוי װי די טאָכטער איז צו איהם שטאַרק צוגעשטאַנען, זי האט איהם זעהער שטאַרק געבעטען ער זאָל מסכים זײַן אויף דעם אז אברהם זאָל אָנפֿאַנגען האַנדלען, האט ער געמוזט טהון איהר פֿערלאַנג, ער האט איהר פֿאַרשפּראָכען זיך מיישב צו זײַן מיט דעם מהר"ל הערין װאס װעט ער זאָגען דערצו, אפשר װעט ער ניט הייסין דאס טהון.

רחל'ע האט גאַנץ גוט געװאוסט אז דער מהר"ל װעט געװיס זאָגען „ניין, בעסער זאָל ער לערנען". נאָכדעם װעט זײַן פֿאַר דעם פֿאָטער צו טהון פֿאַרקעהרט זעהער שװער, זי האט געװאוסט אז מען „פֿרעגט אַשאלה איז טרייף" דאַרום האט זי געבעטען דעם פֿאָטער דאס ער זאָל בעסער ניט פֿרעגען דעם מהר"ל און טהון אזוי װי זי פֿערלאַנגט צו מאַכען דעם מאַן פֿאַר אַסוחר.

שמואל האט זײַן טאָכטער זייער ליב געהאט, דאַרום האט ער איהר פֿאַרשפּראָכען צו טהון איהר פֿערלאַנג.

אין יענעם טאָג איז אברהם געקומען אַהיים זעהער פֿריילִיך, ער האט געטראָפֿען דעם מהרש"א'ס אַ„ויש לישב בדוחק", דער מהר"ל האט איהם געגעבען דערפֿאַר אַקניפּ אין בעקיל, דער קניפּ האט געהאט פֿיל צו בעדײַטען.

שמואל

שמואל האט אָנגעפֿאַנגען מיט איהם צו ריידען, ער האט צו איהם אזוי געזאָגט: האָר מיין קינד, דיין לערנען געפֿעלט מיר זעהער גוט, אָבער וואס וועט דערפֿון ווערען, ביז דו וועסט קומען צו די מדרגה ווערען אַ רב דארף דאס נאָך גאנץ לאַנג דויערן, ניט אזוי איז ווען דו וועסט ווערען אַקויפֿמאַן, פֿאר אַסוחר קאָנסט דו נאָך צופֿיל לערנען, אַלזאָ איז מיין פֿערלאַנג אז דו זאָלסט אָנפֿאַנגען מאכען מסחר, דו וועסט קובע עתים זיין צו לערנען און האָפֿענטליך דער ליבער גאָט וועט זיין צו הילף, דו וועסט באַגליקען אין לערנען אויך אין מסחר, און דאס איז דער ווילען פֿון דיין שוויגער און פֿון דיין ווייב.

— אויב ביי אייך איז געבליבען דער פלאַן איך זאָל אָנפֿאַנגען האנדלען, וועל איך אייך ניט דערווידער זיין, פֿון מיינטוועגען קאָן דאס ווערען היינטיגער טאָג.

---

## יד.

אין יענעם טאג האט שמואל געגעבען זיין איידעם 3000 רובל און האט איהם באַפֿוילען פֿאָהרען אין לייפציג איינקויפֿען סחורה וועלכע איהם וועט געפֿעלען, ברייננגען אהיים, אָדער אוועקפֿיהרען אין אנאנדער שטאָדט פֿארקויפֿען, פֿארדינען וויפֿיל גאָט וועט געבען נאָכדעם פֿאהרען אין אנדערע גרויסע שטאָדט מאכען מסחור פֿאר־דינען און קומען צו הויז.

אברהם האט גענומען דאס געלד, ער האט ניט געוואָלט זיך געזעגענען מיט זיין רבי'ן, ווייל ער האט געוואוסט אז זיין רבי וועט דערצו ניט מסכים זיין, ער האט זיך געזעגענט מיט זיין פֿרוי, שוועהר און שוויגער און איז אוועקגעפֿאהרען מיט אבעל עגלה אין לייפציג.

כל

„כל הדרכים בחזקת סכנה" פֿאהרענדיג איז דער בעל עגלה אריינגעפֿאהרען אין אוואלד, זיינען געקומען רויבער און האבען אלס צוגענומען געלה, קליידער, דעם פֿערד מיט דעם וואגען, נור די נשמות האבען זיי ניט גע‎צעפעט. דער בעל עגלה מיט פֿינף פאַ‎סאזירען דארונטער איז געוועזן אברהם בן אברהם זיינען נצול גע‎ווארען פֿון טוידט, זיי זיינען געקומען אין אשטאדט, די גוטהערציגע אידען האבען אויף זיי רחמנות געהאט, האט מען זיי אוועקגעשיקט יעדען צו זיך אהיים, נור אברהם איז אריינגעגאנגען צו דעם רב, ער האט דעם רב געוויזען אז ער קען גוט לערנען, האט איהם דער רב רעקאמאנדירט צו א ישובניק אין אקרעצמע ווערען דארטען אמלמד, אברהם איז אוועקגעפֿאהרען צו דעם ישובניק, ער האט אנגעפֿאנגען קנעלען מיט דריי גרויסע בחורים, זיי האבען פֿריהער אויך געלערענט ביי גרויסע מלמדים נור פֿון איהם האבען זיי געהאט גרויסע התפעליות, ער האט געהאט אנייע מאטאדע אין לערנען, אזוי ווי ער האט געלערענט אלאנגע צייט ביי דעם מהר"ל מפראג, ער האט פֿון מהר"ל איבערגענומען אלץ וואס דער מהר"ל האט גע‎קענט, און אזוי ווי די תלמידים פֿון אברהם בן אברהם האבען גע‎הערט זיינע נייע דרכים אין לערנען, האבען זיי איהם גרויס כבוד געגעבען, געשעצט, געאכטעט און געהאלטען טהייער ווי אנ'אויג אין קאפף.

---

## טו.

שמואל מיט די ווייב און טאכטער האבען געווארט אויף אברהם'ן ער זאל קומען צו הויזע מיט פֿיל סחורה, אבער צו זייער בעדויערן איז ער ניט געקומען, עס זיינען אוועקגעגאנגען וואכען און חדשים, אברהם איז ניטא, אגאנצער יאהר איז פֿארביי, זיי

הערען

הערען פון איהם קיין שום ידיעה, זיי ווייסין ניט וואס צו קלערין וואס צו טראכטין, זיי האבין געשריבין אין לעמבערג צו פיל סוחרים, יענע האבין געענטפערט אז אזא יונגער מאן מיט אזעלכע פרימע־טעס ווי מען פרעגט אויף איהם, האבין זיי ניט געזעהען.

שמואל מיט זיין ווייב און טאכטער זיינען ארומגעגאנגען שווארץ ווי די ערד, אקליינינקייט אזא יונגער מאן מיט אזא גרויסין קאפיטאל ווערט פארפאלין, איז דאס ניט גלאט, זיי האבין איהם געקאנט פאר זייער אגוטין און פרומען מאן, ער האט זיי ליב גע־האט וואס קיין העכערע ליבע קאן ניט זיין, זיי האבין קלאהר גע־וואוסט אז אברהם האט קיין אורזאכע זיי אוועקצווארפין.

— אקשיא אויף אמעשה - האט שמואל געזאגט - אפשר איז ער אין כעס פאר וואס רחל'ע איז אונפרוכטבאר...

— אויף דעם דארף ער דאך ניט זיין אין כעס — האט רבקה נעענטפערט — פיליייכט איז דאס זיין מזל...

— דו ווייסט מיין ווייב וואס איך קלעהר טהון—האט שמואל געזאגט -איך וועל ארויסשיקין אונזערע צוויי משרתים, זיי זאלין איהם זוכין, אויב זיי וועלין איהם געפינען און ער וועט ניט וועלין פאהרין אהיים, איבער וועלכע אורזאכע דאס זאל ניט זיין, זאלין זיי איהם אוועקפיהרין צום רב און נעהמען ביי איהם אגט, מיר קאנען דאך אונזער ליבע טאכטער ניט לאזין בלייבין אויף עוויג אלס עגונה, וואס זאגסט דו רבקה צו מיין פלאן? געפעלט עס דיר? דאכט זיך אז בעסער און קלינער ווי דער פלאן איז, ניבט ניט אויף דער וועלט.

— האר מיין מאן — האט רבקה געזאגט — אפשר וואלסט דו געגאנגען צום מהר"ל פרעגען אן עצה?

— גוט — האט שמואל געזאגט — איך וועל דיר פאלגען אפשר... אולי ירחם...

ער

ער איז געגאנגען צו דעם מהר"ל און האט איהם ערציילט דאס וואס די לעזער וויסען שוין, האט דער מהר"ל געענטפערט, מיינער אתלמיד וועט קיין עולה ניט טהון, ער וועט געוויס קומען צו הויז.

## טז.

שמואל האט זיך ניט געקאנט ערווארטען אויף די הבטחה פון מהר"ל, האט ער געשיקט זיינע צוויי משרתים ישראל און יעקב, זיי זאלען פאהרען איהם זוכען, און אויב זיי וועלען איהם געפינען און ער וועט ניט וועלען פאהרען מיט זיי אהיים, זאלען זיי נעהמען ביי איהם א גט.

ישראל און יעקב האבען גענומען אגרויסע סומע געלד מיט זיך און זיינען אלאנגע צייט ארומגעפאהרען פון שטאדט צו שטאדט, וואו זיי זיינען געקומען האבען זיי איהם געזוכט ביי די רבנים און אין אלע קלויזען, זיי האבען ביי אלע לומדים געפרעגט פיליייכט האבען זיי געטראפען אזא יונגען מאן, אבער צו זייער בעדויערען האבען זיי איהם אין קיין ארט ניט געפונען.

— דו ווייסט וואס איך וויל מיט דיר ריידען — האט ישראל געזאגט — דו פארשטייסט אקוראד ווי איך ווען אברהם וואלט געלעבט וואלט ער שוין לאנג געקומען אהיים, איז אסימן אז ער איז געשטארבען, און מיר וועלען איהם קיין מאהל ניט געפינען, זיינע שווינגער עלטערען און זיין פרוי גלויבען דאס ניט, ווייל זיי ווילען דאס ניט גלויבען, אלזא איז מיר איינגעפאלען אגרויסער וויכטיגער פלאן, מיר וועלען אזוי טהון: דו פאהר ארייין אין בראָדע, זעץ דיך לערנען אין אקלויז, אין עטליכע טאג צייט וועל איך קומען אין בראָדע זוכען א יונגען מאן וואס זיין נאמען איז

אברהם

אברהם בן אברהם אבראמאוויץ און וועל דיך געפינען וועל איך זאגין אז דו בינסט דאס, וועל איך דיך פיהרין צום רב און דו וועסט געבין אַ גט אויף דעם נאָמען וועלען מיר נאָכדעם פאָהרען אין פראָג און זאָגין דאס ער געפינט זיך אין בראָדע, און דורך גרויסע השתדלות האט ער גענעבען אַ גט, וועט שמואל אונז אָבּ־געבין די נאַגראַדע וועלכע ער האט אונז צוגעזאָגט, און זי, רחל'ע, וועט קאָנען חתונה האבין, און אַלס וועט זיין אין בעסטין אָרדנונג, און קיין מענש וועט דערפון ניט וויסין.

---

# יז.

יעקב האט אויף דעם טייוועלשען פלאַן איינגעשטימט, אין יענעם טאָג איז ער אַוועקגעפאָהרען אין בראָדי, ער האט זיך גע־זעצט לערנען אין אַקלויז, ער האט באַלד זיך בעקאַנט געמאכט מיט דעם רב און מיט נאָך פיל לערנער, ער האט געזאגט אז זיין נאָמען איז אברהם בן אברהם, אַגעבאָרענער פראַגער און אַתלמיד מובהק פון מהר"ל מפראָג, דער נאָמען מהר"ל מפראָג איז דענסט־מאָל געווען שטארק בעוואוסט ביי דעם כלל ישראל, דאַרום האבין אלע זיינע (אברהם'ס) בעקאַנטע איהם שטארק געשעצט און גרויס כבוד געגעבען.

אין אַכט טאָג שפעטער איז ישראל געקומען אין בראָד, ער האט באַלד בעזוכט דעם רב און איהם געפרעגט אויב ער וויים ניט פון איונגען מאַן אברהם דעם מהר"ל'ס אַתלמיד.

— יאָ — האט דער רב געענטפערט — ער קומט צו מיר יעדען טאָג און ערצעהלט מעשיות פון דעם מהר"ל, איך האב איהם זעהער ליב און גיב איהם גרויס כבוד.

— ליבער רבי — האט ישראל געזאָגט — ער האט אָבער אויף זיך אַגרויסען חטא, ער האט אָוועקגעוואָרפין אַ ווייב, שוין

דרײַ יאָהר פֿאָהר איך פֿון שטאָדט צו שטאָדט איהם זוכין, געלױבט איז גאָט וואס איך האב איהם געפֿונען, יעצט זעה איך ווי גרויס דער מהר"ל איז, ער האט מיר פֿאַרשפּראָכען אז איך וועל איהם געפֿינען, אַלזאָ ביטע איך אײַך איהר זאָלט שיקין איהם רופֿין און פֿרעגין אויב ער וויל מיט מיר פֿאָהרען צו הויז איז געוויס גוט, ווען ניט זאָל ער לכל הפחות געבין אַ גט, איך וועל זײַן דער שליח איך וועל דעם גט איבערגעבען זײַן ווײַב.

— איך ברויך ניט שיקען איהם רופֿען — האט דער רב געזאָגט — ער דאַרף באַלד אַליין קומען.

רײדענדיג האט ער אַקוק געגעבען אין פֿענסטער און געזאָגט: ער געהט אַהער, בעהאַלט זיך אין צווייטען צימער, איך וועל איהם חוקר ודורש זײַן, נאָכדעם וועל איך אײַך אַרײַנרופֿען, איהר וועט מיט איהם רײדען.

---

# יח.

יעקב המכונה אברהם איז אַרײַנגעקומען צום רב האט דער רב צו איהם געזאָגט: זאָג מיר אברהם: דו האסט אווײַב?

— יאָ, רבי — האט ער געענטפֿערט.

— דו בינסט שוין לאנג פֿון דער היים? — האט דער רב געפֿראָגט.

— שוין דרײַ יאָהר — האט יעקב געענטפֿערט.

— פֿאַר וואס פֿאָהרסט דו ניט אהיים — האט דער רב געפֿרעגט — ווי לאָזט דאס אַ יונגער מאן זײַן פֿרוי וואַרטין אזא לאנגע צײַט, דאס איז דאָך אגרויסע עולה.

— איך בין ניט שולדיג — האט יעקב געענטפֿערט — מײַן רבי דער מהר"ל מפראָג האט מיר געהײסען זיך גט'ן מיט מײַן ווײַב, ער

ער זאגט זי וועט קיין מאָהל ניט האבען קינדער, ווייל זי איז אגעבאָרענע עקרה, האט ער מיר געהייסען אוועקפאָהרען אויף דריי יאָהר, ער האט געזאגט אז ענדע דריי יאהר וועט מיין שווער שמואל שיקען זיינעם אמשרת מיר זוכין און נעהמען ביי מיר אגט פאר מיין ווייב.

דער רב האט זיך זעהער געוואונדערט צו העֶרין אזא מין נבואה פון מהר״ל, און האט געזאגט, איך האב שוין לאנג פון איהם געהעֶרט אז ער איז אנ'אדם גדול, נור אזוי גרויס זעה איך דעם ערשטין מאהל, ריידענדיג האט ער א געשריי געגעבען! פראַגער יונגער מאן קומט אריין!

עס האט זיך געעפענט די טיהר און ישראל איז אריינגעקומען האסטיג, געפרייכט און האט אנעשריי געגעבען: דו עוכר ישראל! דו האסט געמאכט א אידישע מאכטער פאר אנ'עגונה! אָ! איך האב דיר געפונען איך וועל דיך ניט אָבלאָזען דו מוזט מיט מיר פאָהרען אהיים, דיין ווייב וואַרט אויף דיר!

— אָהן כעס — האט דער רב געענטפערט — צו אזא עסק העלפט ניט כעס, דאס מוז מיט גוטין בעהאַנדעלט ווערען.

— אומזיסט בינסט דו אין כעס — האט יעקב געזאָגט — דיין כעס וועט דיר גאָר קיין טובה ניט טהון, רייד ווי אַ מענש, וועל איך דיר ענטפערן ווי אַ מענש.

— מיט אַזאַ מענשען זאָל איך ריידען ווי אַמענש — האט ישראל געשריען — זאָל זיין אַסוף, גיב דיין ווייב אַ גט.

— דאס וועל איך טהון — האט יעקב געזאָגט — נאָך היינט און באַלד וועל איך דיין רצון ממלא זיין.

דער רב האט באַלד געשיקט רופען דעם סופר מיט צוויי עדות, זיי האבען אָבגעגעבען אַ גט דעם שליח ישראל, וואס איז אין דעם זעלבינגען טאָג אַוועקגעפאָהרען אויף דעם וועג נאָך פראָג, און יעקב איז אויך אין יענעם טאָג פאַרשוואונדען געוואָרען פון בראדי

בראָדי, זיי זיינען ביידע געקומען אין פראָג, איבערגעגעבן דעם גט אָן רחל'ן, און האבען בעקומען אגרויסע מתנה פון שמואל'ן פאר ווייער טרחה צו געפינען זיין איידעם, און מאַכען אַסוף, זיין טאָכטער זאָל קיין עוויגע עגונה ניט בלייבען.

---

## יט.

ווי רחל איז בעפרייט געווארען האט אַלאַנד־שרכן אָנגע־פאַנגען ריידען איהר אַשדוך מיט אַ פיינעם, רייכען, געבילדעטען יונגען מאַן, די עלטערן האבען איינגעשטימט עס זאָל זיין חתונה, נור רחל'ע איז געווען אונצופרידען, זי האט געזאָגט אז אברהם האט געקאָנט איהר שיקען אַ גט, גלויבט זי מעהר ניט קיין מאַנס־פערזאָהן, נור אזוי ווי די עלטערן האבען איהר געצוואונגען דער־צו, האט זי ניט געהאט קיין מיטיל ווי זיך אַנטגעגען צו שטעלען, איז ביי איהר געבליבען דער פלאַן זי זאָל געהען פרעגען אַן עצה דעם מהר"ל און ווי ער וועט איהר ראַטהען אזוי וועט זי טהון.

רחל'ע איז אַוועקגעגאַנגען צום דעם מהר"ל, זי האט איהם געפונען רוהיג, דען געוואָהנליך פלעגען ביי איהם אלע מאָהל זיין פיל פרעמדע מענשען, יעדער איד פלעגט קומען צו איהם אויס־ריידען זיין ביטער הארץ, איינער פלעגט בעטין קינדער, דער צווייטער — זיינע קינדער זאָלען ווערען עהרליכע אידין א. ז. וו. גראַדע אין יענער צייט וואס רחל'ע איז געקומען איז דער מהר"ל געזעסען און געלייענט אַבריף פון בראָדער רב, ער שרייבט אז דער גט פון אברהם בן אברהם צו זיין ווייב רחל'ן, איז ביי איהם אין אַגרויסען חשד אויב דאס איז חלילה ניט אַבעטרוג, אַשווינדעל, בכן פרעגט ער דעם מהר"ל אויב ער האט טאַקע געזאָגט די ווערטער וואס אברהם בן אברהם האט איהם ערצעהלט אין דעם

נאמען

נאָמען פֿון מהר"ל, דער רב פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאר וואס ער האט פֿריהער פֿאר דעם גט ניט אָנגעפֿראָגט דעם מהר"ל, ער זאָגט אַתירוץ, ווייל ער האט מורא געהאט טאָמער אַנטלויפֿט ער און זיין ווייב וועט בלייבען אַ עווינע עגונה.

דער מהר"ל האט דעם בריף פֿאַרגעלעזען רחל'ן, זי האט שטאַרק געוויינט און געזאָגט: רבי! זאָגט מיר אַנ'עצה וואס זאָל איך טהון?

— מיין עצה — האט דער מהר"ל געזאָגט — דו זאָלסט גאָר ניט טהון, די חתונה זאָל אזוי שנעל ניט זיין, ביז איך וועל חוקר ודורש זיין.

---

# כ.

ביי שמואל'ן אין שטוב „קעהרט זיך וועלטען" אלע הויז־מענשען גרייטען זיך צו רחל'ס חתונה, רבקה געהט אַרום איבער'ן שטוב, שרייט אויף די דינסטען, גיבט יעדע בעזונדערע אַרבייט, מען פוצט די הייזער אינעווייניג און אויסוויינינג. אין קיך שטעהען פֿינף דינסטען איינע קאָכט פֿיש, איינע—פֿלייש, איינע—קאָמפּאָט, צוויי מאַכען אַנדערע פֿערשידענע שפּייזען, עס האבען זיך אָנגעפֿאַנגען קלייבען געסט, צווישען זיי איז געווען דער מהר"ל מיט פֿיל אַנדערע רבנים, דער מהר"ל זיצט ביי דעם חתן און פֿרעגט ביי איהם: דו גלויבסט אין חכמת הפרצוף?

— יאָ — האט דער חתן געענטפֿערט — איך גלויב.

— גלויבסט דו — האט דער מהר"ל ווייטער געפֿרעגט — אַז איך פֿאַרשטיי די חכמה?

איך

— איך האב שוין לאַנג געהערט דערפון — האט דער חתן
ענטפערט — נו אדרבה זאָגט מיר על פי חכמת הפרצוף ווי און
ואס מיט מיר וועט פאַסירען ?

— אָ — האט דער מהר"ל געזאָגט — ווי איך זעה אויף
יין פנים בינסט דו ניט דער אמת'ר באַשערטער רחל'ס, זי גע-
הער צו אַנאַנדערען.

— ווי איז מיר — האט דער חתן געזאָגט מיט אַפאַר-
שטיקטין קול — וואס רעדט איהר, רבי.

— אָט דאס וואס דו הערסט — האט דער מהר"ל געזאגט—
איך הער אַקול פון אויבען אז רחל איז ניט דיינע, זי האט אַמאַן,
און דער גט איז אַפאַלשער.

פון שרעק איז דער חתן געפאַלען הלשות, די געסט האבען
איהם אָנגעפאנגען צו מינטערן, ער האט אויפגעוואַכט מיט אַגע-
שריי: ראַטעוועט מיך, און איז נאָכאַמאָל געפאַלען אין חלשות,
אזוי האט געדויערט אגאנצע נאַכט, צוויי דאָקטוירים זיינען גערופען
געוואָרען, זיי האָבען געזאָגט: ער איז פלוצלונג קראַנק געוואָרען
פון אַגרויסען פאַרדרוס, דערווייל איז די קריינק געפעהרליך, ער
מוז זיך אויסרוהען עטלעכע טאָג.

די סבה פון זיין פלוצלונגע קראַנקהייט — האט די באָבע
געזאָגט — וועט יעדער לעזער פאַרשטיין אז דאס איז געווען דורך
דעם מהר"ל אָבצוהאַלטין די הופה אויף נאָך עטליכע טאָג, פיליכט
וועט קומען אַידיעה פון אברהם'ן.

---

## כא.

אברהם איז געזעסען ביי דעם ישובניק, געקנעלט. איינמאָל
איז ביי נאַכט געקומען צו איהם אין חלום דער מהר"ל און ער
האט איהם געזאָגט: אברהם, אברהם! מיר מוזט דו פאָלגין וואס
איך

איך וועל דיר זאָגען, באַלד ווי דו וועסט אין דער פריה אויפשטיין זאלסט דו זיך געזעגענען מיט דיין בעל הבית און מיט אלע דיינע בעקאַנטע, און באַלד זאָלסט דו פאָהרען אַהיים אין פראָג, דען ביי דיין שווער ברענט די גאַנצע הויז מיט זיין גאנצען פאַרמעגען, עס ברענט און עס ברענט און קיין מענש קאָן דעם פייער ניט פאַר־לעשין, נור דו איינער, ביטע איך דיר אז דו זאָלסט מיר פאָלגין, איך באַפעל דאס דיר „בגזירת עירין קדישין" און טאָמער וועסט דו מיר ניט פאָלגין מוזט דו אין דריי טאָג צייט שטאַרבען.

מיט גרויס שרעק איז אברהם אויפגעשטאַנען פון שלאָף, ער האט זיין חלום ערציילט זיין בעל הבית, האט דער בעל הבית איהם געגעבען אַנ'עצה ער זאל אריינפאהרען אין שטאדט דארטין איז פאַראַן אַ רב דעם מהר"ל'ס אַתלמיד, פרעג ביי איהם ער זאל דיר פותר חלום זיין און ווי ער וועט דיר ראטהען אזוי זאלסט דו טהון, פון מיינער זייטע וועסט דו קיין מניעה האבין צו פאָהרין אַהיים.

אברהם האט אזוי געטהון, ווי ער איז געקומען צום רב האט דער רב געזאגט צו איהם דו האסט מיר פאַרשפאָרט אַנ'־ארבייט צו שיקין נאך דיר, דו זאלסט וויסין אז דער מהר"ל מפראג פערלאַנגט פון דיר דורכאויס דו זאלסט באלד קומען אין פראג ווען ניט וועט זיין ניט גוט, אין דריי טאָג צייט מוזט דו שטארבין.

אין דעם זעלביגין טאג איז אברהם אוועקגעפאהרען אין פראג, ער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען צו דעם מהר"ל.

— אָט אַזוי האב איך דיך ליב — האט דער מהר"ל גע־זאגט — דו האסט מיר געפאלגט, ווארשיינליך האט דיר דער רב פון יענע שטאדט מיין תלמיד אויך באַפוילען אויף דיר מיך צו פאלגין, יעצט רוה דיך אב אַביסיל, דו בינסט מיר פון וועג, נאכדעם וועלען מיר ביידע געהען צו דיין שוועהר. און אזוי איז געווען.

זיי זיינען ביידע אוועקגעגאנגען צו דעם שוועהר, די שמחה פון שמואל'ן און רבקה'ן איז געווען גרויס, נאך מעהר שמחה איז געווען צו זעהען אויף רחל'ס פנים, זי האט פשוט געשיינט ווי די ליכטיגע זונן.

דער מהר"ל מפראג האט באלד געלאזט אריינרופען די צוויי פאלשע משרתים, זיי האבען זיך באלד מודה געווען אז דער גט איז אפאלשער, שמואל האט מוחל געווען אברהם'ן פאר זיין לאנגען זאמען זיך, און די משרתים זיינען באלד נאכדעם אנטלאפין פון פראג.

דער נאמען פון מהר"ל איז זעהער גרויס געווארען, אלע אידין האבען אנגעפאנגען גלויבען אז ער האט „רוח הקדש" און פארשטייט ריכטיג חכמת הפרצוף.

דער מהר"ל האט אברהם'ן מיט זיין פרוי געבענשט אז זיי זאלען אין אצייט פון איאהר האבען „אבן זכר", און זיין ברכה איז מקוים געווארען.

רבקה האט דעם איניקיל גערעכענט ווי איהר איינען קינד, און שמואל האט אלע זיינע געשעפטען מיט זיין גאנצין פארמעגען איבערגעגעבען זיין איידעם.

אברהם, הגם ער האט געהאט פיל גרויסע עסקים, פלעגט ער אלע טאג קומען צום מהר"ל, און אשעה אין טאג האט דער מהר"ל מיט איהם געלערנט, אויף אברהם'ן איז מקוים געווארען תורה וגדולה במקום אחד!



# רשימה פון קליינע מעשיות עברי טייטש.

1) מקח טעות
2) אונגעריכטער גליק
3) אונגליקליכע אסתר
4) אברהם׳על׳ע בע״ג
5) אכדאיע זאך
6) בעלאהנונג
7) באסקע פייפער
8) גלאספישקער פרעזידענט
9) לעבעדיגע מצבה
10) שרעקליכער חלום
11) ריכארד צווישען שפאנישע מערדער
12) קינד אין קארן
13) נחשה
14) אמוויסער בעוה״ז
15) בערציק דער יתום
16) חצקיל די באבעס זאהן
17) מאסקע פליך
18) מחותנים פון שונאים
19) מיאוסער טעות
20) דער ממזר
21) פארלארענר בריף
22) רייכע לאנד
23) ט״ו כסליו
24) יאיצאקורי אוצאם
25) נייעס פון יענער וועלט
26) ליבע נאכען טויט
27) די בעטראגענע ליעבע
28) אניפערליבע טרים
29) דער חתן אלס דאקטאר
30) נעלד אונד ליבע
31) די בלאנדע אונד די שווארצע
32) דער יודישער גבור
33) די שטאלצע קעלנערין
34) דער שמיד אלס דאקטאר
35) דער ממזר אלס דאקטאר
36) דער זינדיגער
37) אייזיקל לץ
38) חייקע דיא שוועבעלע
39) איין פערלארענעס לעבען
40) דאס חנוכה ליכטיל
41) דער גרינער אונד דער דזענטלמאנן
42) איין זאהן פון איין בעזדיעטניק
43) א מעשה פון ארב מיט ארעבעצן
44) קירץ אונ שארף אנעקראטען בוך
45) צווישען רעליגיאן אונד ליעבע

## יעצט האבען מיר צוגעגעבען 13 נייע געשיכטעס

48) דער ישיבה בחור.
49) דער הייליגער ברית.
50) דער ווייסער קוק פון אלטען רב.
51) דער מהר״ל פון פראג מיט זיין לימענעם גולם.
52) דער פאלשער נס.
53) די פארמאסקירטע גרעפין.
54) די פאלשע כלה.
55) דעם קעניגס גע־ליבטע.
56) דער רויטער אדיל.
57) זיבען וואנדער פון בעש״ט און פון זיינע תלמידים.
58) לעבעדיגע היד אין הימעל אדער א מעשה און סוף.
59) קאפריזנע אלטע מיד.
60) ר׳ שניאור זלמן האדמו״ר הזקן פון לאדי.